Ostrowcer Cajtung פרייז 10 גר. ערשטער יאָרגאַנג Nr. 1

# אסטראָוצער צייטונג

אומפּאַרטייאיש וואָכנבלאַט פאַר אסטראָווצע, אפּט און אומגעגנט

צייטונגס־אַדרעס פאַר בריף און געלט:
L. Rotsztajn, Ostrowiec-K. Rynek 8

ליכט צינדן 6 אַ זייגער.

פאַרן אינהאַלט פון די אַנאָנסן איז די רעדאַקציע נישט פאַראַנטוואָרטלעך.

Piątek, 3 września 1937
פרייטאָג, פ׳ נצבים תרצ״ז

# אונזער וואָרט צו די לייענער

מיטן היינטיקן נומער פון אונזער צייטונג עפענען מיר די טריבונע פון אָסטראָווצער יידנטום. די טריבונע וואָס ווערט געשאַפן פאַרן כלל וועט דינען אַלע טיילן פון דער יידישער געזעלשאַפט.

פריי און ערלעך וועט זיין דער פאָן פון אונזער טריבונע.

פריי פון וועלכער ס׳איז פאַרטיי־פּאָליטיק, אומאָפּהענגיק פון קלייזל אָדער גרופּע וועלן מיר נעמען שטעלונג צו אַלע פראַגן וואָס אינטערעסירן די יידישע געזעל. אין אונזער שטאָט.

מיר ערקלערן אייך, אַז מיר וועלן מיט אַלע מעגלעכקייטן זיך פאַרהיטן פון אָנגרייפן, אָדער סתם אָנפאַלן אויף גרופּן אָדער יחידים.

דאָס הייסט אָבער נישט, אַז מיר זאָגן זיך אָפּ פון קריטיק, וואָס אָן דעם וואָלט אונזער צייטונג פאַרלוירן איר באַדייטונג פאַר דער יידישער געזעלשאַפט, יאָ! מיר וועלן אין אַ פּאַסענדן פאָרם רעאַגירן און נעמען שטעלונג צו אַלערליי „שטאַרקע" אין אונזער געזעלשאַפט, אַלץ מיטן צוועק צו דינען די יידישע מאַסן.

און צו די ברייטע יידישע מאַסן ווענדן מיר זיך: שאַצט אָפּ די באַדייטונג פון אייער־אונזער־טריבונע. גיט אונז די מעגלעכקייטן, דורכן קויפן אונזער צייטונג, אַז די טריבונע זאָל האָבן אַ געזיכערטן עקזיסטענץ, דאַן—דאַן וועלן אַלע .געניסן פון די פרוכט פון אונזער אַרבייט און מיר זענען זיכער. אַז פיל שלעכטס און פערפוילטקייט, וואָס האָט געהאַט אַן אָרט צוליב דעם פעלן פון אַ עפענטלעכער טריבונע, וועט פאַרשווינדן פון אונזער לעבן.

**רעדאַקציע.**

# ניי-יאָר רעפלעקסן

פון דב ראַבינאָוויטש

א שווער געפרווט יאָר פאַר אונזער פאָלק איז געווען תרצ"ז.

א שווער יאָר פאַר יידן אין א רייע לענדער פון גלות, ווו די אַטאַקע אויף אונזער בירגער-רעכט איז געפירט געוואָרן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט און אויך א ליידנד יאָר פאַר דעם ישוב, וואָס האָט בלוט מקריב געווען ביים פאַרטיידיקן די דערגרייכטע פּאָזיציעס און ביים אויפבויען די בלוי-ווייסע פאָן אויף די טורעמס פון די נייע ישובים, וואָס זענען אויפגעבויט געוואָרן אונטער פייער פון שווערן און פאַרביטערטן קאַמף מיט דעם שונא...

און דאָך... און דאָך שטייען מיר ביי דער שוועל פון א ניי יאָר, אריינפלעכטנדיק נאָך א יאָר-רינגעלע אין דער קייט פון דער אייביקייט, די ג—ט-לעכע אייביקייט, וואָס איז פאַר אונז בלויז נצחיות און אַזוי בלייבן מיר אליין א יך נצחדיק...

און אָט פון יענע הויכקייטן הערט זיך א שטים צו דער צעברויזטער וועלט אַזוי אומויסט!.

...סוף יאָר תרצ"ז האָט דער הימל איבער אונזערע קעפ זיך א ביסל אויסגעלייטערט, אָן "אור חדש על ציון תאיר" האָט אויף אונז א שטראַל געוואָרפן, א האָפנונג האָט אין הערצער אויפגעוואַכט און עס האָבן פאַרשמאַכטע גלות-ליפן געפליסטערט:

— אתחלתא דגאולה... עקבתא דמשיחא... און נאָך א סך אַזעלכע ווערטער...

צי האַלט עס ווירקלעך דערביי צו ווערט ווירקלעך פאַר אונזערע אויגן רעאַליזירט דער טרוים פון טויזנטער יאָרן?

זיכער איז אָבער, אַז מיר דערנענטערן זיך צום אָנהויב פון דער היילי קער מיסטעריע, וואָס איר נאָמען איז: גאולת ישראל!

עס שיינט א ניי ליכט פון מזרח, עס שיינט ברקאי!.. מאָרגן-אויפשיין!

# קהל-בחורים, חברה גמילת-חסדים*)

(צו דער געשיכטע פון דער פאַר-מלחמהדיקער ג"ח-קאַסע אין אָסטראָוויעץ)

פון **מ. ראָזנבערג**

אַזא נאָמען טראָגט די ג"ח קאַסע, וואָס איז ביי אונז געגרינדעט געוואָרן מיט 30 יאָר צוריק דורך א גרופּע בחורים, וועלכע האָבן נאָך זיינער צייט אָפּגעשאַצט די באַדייטונג פון סאָציאַלער הילף אין פאָרם פון אָנפּראָצענטיקן קרעדיט פאַר פאַראָרעמטע יידן.

*) די באַשרייבונג פון ה' מ. ראָזנבערג איז געדרוקט אין זשורנאַל "פאָלקס-הילף" נ. 67. צוליב דעם, וואָס די באַשרייבונג גיט אונז א בילד פון די ערשטע יאָרן פון געז. לעבן אין אונזער שטאָט, אין וועלכן פיל היינטיקע כלל-טוער האָבן געשטעלט זייערע ערשטע טריט, גיבן מיר די באַשרייבונג פאַר אונזערע לעזער.

דאָס דאָזיקע לייענען מיר אַרויס פון פּראָטאָקאָל-ביכל, וואָס איז אויפגעהאַלטן געוואָרן ביז היינט דורך ה' אליעזר מינצבערג אונטערן גרויסן געכּתובהטן קאָפּ "בשם השם" לייענען מיר אין יידישער איבערזעצונג:

"...אין ג—טס נאָמען, וואָס באַשענקט דעם מענטש מיט וויסן. מיר אָסטראָווצער בחורים שפּאַרן זיך אָן אויף אים און זיין גערעכטיקייט און מיר האָפן ער זאָל אונז געבן וויסן און פאַרשטאַנד אונזערע גוטע מחשבות אַרויסצופירענגען אויף דער ליכטיקייט און גיין אויף דעם וועג, וואָס אונזערע אויגן זעען באַלויכטן געוואָרן אָנצוּרירן אינם ראַנד פון דער מצוה גמילת-חסדים פון אָסטראָווצע. וואָרום דער געשריי פון די אומגליקלעכע מערט זיך און עס איז נישטאָ ווער עס זאָל עס זען און זיי שטיצן און אפילו די ג—טס-פאָרכטיקע זענען צופרידן און עס איז זייער איינציקע פרייד צו טון דעם ווילן פון באַשעפער נאָר מיט דאַוונען און געבעט. זיי שטאַרקן די צוויי זיילן, אויף וועלכע די וועלט איז אָנגעלענט: תורה ועבודה און דער דריטער זייל, דאָס איז גמילת-חסד, ער איז פאַרלאָזן און פאַראיינזאַמט און האָט נישט קיין שטיצע, וואָרום די דאָזיקע מענטשן, די פרומע, זענען גליקלעך דערמיט, וואָס זיי ברענגען א שבח צום האַר פון די וועלטן מיטן אָפּהיטן זייער דינען ג—ט מיט ערלעכן דאַוונען. דערמיט גלויבן זיי, אַז זייענדיק אין אָרדנונג מיט ג—ט, זייער ג—ט. זייער געוויסן איז זיך גאַנץ רויק, זאָגאַר, ווען דער אָרימאַן און אביון וואַלגערט זיך אין זיינע הונגער-לײדן, ג—ט זאָל אונז באַשירעמען.

זיי טראַכטן גאָרנישט דערפון. אָבער נישט אַזוי איז דער יינגער דור. מיר בחורים, האָבן דערוואַכט, אין ג—טס נאָמען געדענקען מיר צו גרינדן אַן אגודה צו טוען דעם ווילן פון פאָטער אין הימל יוצא צו זיין אַלץ (געמיינט אַלע דריי זיילן פון דער וועלט: תורה, עבודה און ג"ח).

(המשך קומט)



# צו סליחות...

(רעפלעקסן)

סוף חודש.

א פינסטערער הימל באַדעקט מיט בליי.

אין טיפן שלאָף, אין אומרויק קאָשמאַרישן שלאָף איז פאַרזונקען דאָס שטעטל.

דער משחית אַרבעט איצט אויף אַלע כלים.

ער איז מלשין פאַרן כביכול אויף זיין פאָלק ישראל.

עונות, חטאים ופשעים, קלערט ער אויס, סמאָל, און אַלץ איז פאַרזונקען אין א טיפן שלאָף.

עס שלאָפט אויך דער סניגור און די קליפּע טוט איר צעשטערערישער אַרבעט.

א גרויסע סכנה שוועבט ר"ל אויף ישראל.

די ביכער פון פּראָטאָקאָלן בלעטערן זיך פון זיך זעלבסט.

הענט חתמענען זיי אונטער און אַלץ גרייט זיך צום גרויסן טאָג — צום טאָג פון געריכט, ווען א גאַנצע וועלט וועט געמשפּט ווערן.

און ישראל שלאָפט.

א דערשראָקענער, אַן אויסגעמאַטערטער — ער שלאָפט.

נאָר אָט קרייט שוין דער ערשטער האָן.

דריי קלעפּ פון הילצערנעם האַמער אין לאָדן.

דער שטאָט שמש מיטן גרויסן טשאַדנידיקן לאָמטערן גייט וועקן ישראל עם קדושים צו סליחות.

פאַרגעסן אין שלאָף, אָפּגענאָמען בעגלוואַסער, אויף גיך זיך אָנגעטון, געכאַפּט די מיט חלב-פאַרשמאָלצענע סליחה, וועמענס פאַרגעלטע בלעטער זענען דורכגעווייקט מיט טרערן פון דורות און געלאָפן אין שול.

די שול אין העל באַלויכטן, אירע פענסטער ווינקען אין דער גאַס פינסטערניש און רופן יידן צו סליחות.

פול געפּאַקט איז די שול, ס'איז הייס.

ביים עמוד — דער חזן אין ווייסן קיטל.

ס'קרעכצט דער חזן, ס'יאָמערט זיין שטימע, שטיקט זיך פון אינווייניקסטן געוויין.

— "צדיק ד' בכל דרכיו וחסיד בכל מעשיו" — גיסט זיך דער סקאַרבאָווע נוסח און יידן קרעכצן, יידן וויינען — גאָט איז גערעכט אין אַלע זיינע וועגן און פרום אין אַלע זיינע טאַטן, אָבער מיר, זינדיקע, וואָס קאָנען מיר פאַרשטיין?

די נשמה איז דיינע און דער גוף איז דיינער, דערבאַרעם זיך אויף דיין מי!

ס'איז קיין ספק נישט, אַז מיר האָבן געזינדיקט, און דו, גאָט, ביסט גערעכט, אָבער דו וועסט דאָך אונז פאַרגעבן — כי עמך הסליחה...

נישט קיין דין בעטן די פאַרברעכער, די הולטאַיעס — ביי דין וועלן זיי, חלילה, פאַרשפּילן — זיי בעטן רחמים.

זיי בעטן, גיסן בדמעות שליש און ס'ווערט זיי לייכטער אויפן האַרצן...

אַלע טויערן פון הימל זענען פאַרשלאָסן, חוץ די טויערן פון טרערן — אין טרער מערן זיך — א גאַנצער ים, וועמענס כוואַליעס עס הייבן זיך אַלץ העכער און העכער און דראָען צו פאַרפלייצן דעם כסא הכבוד...

דאָס אַלץ איז געווען אַמאָל... — — —

— — — — — — — —

היינט זענען אַנדערע סליחות.

אַנדערע, גאַנץ מאָדערנע סליחות-וועקער.

דעם הילצערנעם האַמער פון סליחות-וועקער פאַרבייטן היינט שטיינער, וואָס פליען אין פענסטער און נישט אין א פינסטערער נאַכט, נאָר אפילו אינמיטן העלן טאָג.

די ראָל פון אַלטן אומוויסנדיקן שמש פירן אויס פלומרשט געבילדעטע יינגעלייטלעך אין סטודענטן-אוניפאָרמען, באַפליגלטע פון ראַסן-אידעען, וועלכע שפּיצן מיט גיפט און האַס.

זיי וועקן דעם אויסגעמאַטערטן, פון אַלע זייטן געשטורעמטן יידן, צו זאָגן סליחות פאַר זינד, וואָס נישט ער, נישט וויינע עלטערן זענען קיינמאָל נישט און קענען קיינם נישט באַגאַנגען און ישראל וויל גראָד איצט נישט גיין צו סליחות.

ער וויל זיינע בלוט-דירשטיקע וועקער נישט פאָלגן.

נישט קיין רחמים פאָדערט איצט דער ייד — דין פאָדערט ער.

א געריכט פון געשוווירענע.

ער וויל זיך נישט כומך זיין אויף די פּראָטאָקאָלן, וועלכע זענען פון אים אונטערגעשריבן — מאַרטירערן, מערדערלעכע פּייניקונגען האָבן אים דערצו געצווינגען.

ער הייסט אַרויסרופן עדות, וועלכע וועלן באַווייזן די שולד פון די, וואָס האָבן די חוצפּה אים — דעם טויזנט יעריקן מאַרטירער — צו סליחות צו וועקן.

ער ווערט זעלבסט א באַשולדיקער.

זאָלן קומען עדות זאָגן ד' פאַרמאַטערטע, פאַרפּייניקטע פון די דייטשע קאָנצענטראַציע לאַגערן.

זאָלן קומען עדות זאָגן די אַלע יינג-פאַרשטאָרבענע לעבנס, וועמענס איינציקע זינד איז נאָר באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי געהערן צו א פאָלק, וועלכעס האָט דער וועלט א תורה, א מאָראַל געגעבן און געוואָלט פון ווילדע, בלוט-גיריקע חיות, מענטשן מיט יושר, מיט גערעכטיקייט שאַפן.

זאָלן אָט די אַלע עדות קומען און קינען מיט זיין פרישן, נישט אָפּגעגעוואַשענעם בלוט-צייכן צום שופט פירן, אים צווינגען סליחות בעטן, נאָר קיין רחמים!

דין זאָלן זיי פאָדערן, שטרענג פאָדערן!

וואָרום השופט כל הארץ לא יעשה משפט?

ב. פ.

# תרצ"ז — תרצ"ח

ס'איז געווען א יאָר פון שווערע נסיונות, פאַרלוסטן אין מענטשן, א חורבן אין מאַטעריעלן לעבן.

ס'פלאַקערט די שנה הארום יעדן יידישן גלות-ווינקעלע. ס'איז שטיקנד די לופט. קינדערלעך לעבן אין פחד. מיליאָנען מענטשן ווערן פאַרשטויסן אין די קעלערס פון דער „קולטורעלער" וועלט.

ס'באַנייען זיך די צייטן פון מיטל-אַלטער. זיי האָבן אָבער א טעות, די שונאי ישראל. ס'וועט זיי נישט געלונגען צו פארטיליקן די מיליאָנען יידן אין דער וועלט, זיי וועלן נישט אָפּ-טויטן דעם גלויבן אין בעסערן טאָג, אין פעלקער-פאַרברידערונג און מענטשן ליבע.

דאָס אויסגעפרוווטע פאָלק וועט צו-ריקשטעלן די חורבות און וועט ווייטער פלעגן אין זיין הארץ דעם גרויסן גלויבן אין זיין פולער גלייכהייט און די לענ-דער פון צעשפרייטונג און פולער באַ-פרייונג אין א"י.

די פאַרברעכערישע האַנט פון דער מופתי-כנופיא האָט פאַרגאָסן יידיש בלוט, אויסגעוואָרצלט יינגע בוימלעך פון די יידישע וועלדער. די ענגלישע אַדמי-ניסטראַציע האָט ממשיך געווען איר אַלטע פּאָליטיק פון נאָכגעבן, פאַרשווייגן דעם אראבישן פאַרברעכן און פאַר-קלענערן אונזע"ע רעכט אויפן אויפבוי פון דער נאַציאָנאַלער היים.

די קעניגלעכע קאָמיסיע און די ענג-לישע רעגירונג האָבן נישט געזוכט די וואָרצלען פון די אומרוען, האָט נישט געזעצט אויף דער באַשולדיקונגס-באַנק אמת שולדיקע, נאָר האָט געמאַכט די באַלפור-דעקלאראַציע און דעם מאַנדאַט פאַר דעם שעיר לעזאזל.

אונזערע ריזיקע דערגרייכונגען אין ארץ-ישראל, די דערפער און שטעט, דער תל-אביבער פּאָרט און דער אוני-ווערסיטעט, דער בויענדער חלוצישער ישוב פון 425 טויזנט יידן — זענען געוואָרן דער גרונדשטיין פאַרן פאָר-שלאַג אויפצוריכטן די יידישע מלוכה.

דער קאָנגרעס האָט אָפּגעוואָרפן דעם יידנשטאַאט אין די פאַרגעלייגטע גרענעצן. דער קאַמף דויערט ווייטער פאַר דער דערפילונג פון מאנדאט. דער יידנשטאַאט, דער הערלעכסטער טרוים פון דעם יידישן פאָלק, קאָן אנטשטיין נאָר אויף א שטח, וועלכער זאָל גאראַנ-טירן א גרויסע עליה און זיכערקייט און אויב ער וועט באַזיצן די פולע זעלבסטשטענדיקייט און אָפּהענגיקייט.

שטייען מיר פאַר דער אתחלתא דגאולה אָדער פאר א שווערן און בי-טערן קאַמף פאר אונזער אייגנציקער טרייסט און האָפנונג אויף נאַציאָנאַלער רעטונג?

און דערווייל מוזן געמאַכט ווערן די גרעסטע אָנשטרענגונגען פאַרן אויפבוי פון לאַנד אָן הפסקה.

יעדער טאָג דאַרף זיין רייך אין מעשים פאר נייע דעראָבערונגען אין לאַנד, פאר דער אויסברייטערונג פון דעם נאַציאָנאַלן באָדן-שטח, פאַר דעם קרן-קימת.

תרצ"ז אין גלות איז געווען פאַר אונז דאָס יאָר פון איבערמענטשלעכע יסורים. וועט תרצ"ח זיין דאָס יאָר פון דערלייכטערונג און באַנייונג?

תרצ"ז אין ארץ-ישראל איז געווען דאָס יאָר פון שווערן געראַנגל פאַר אונזער פרייהייט.

תרצ"ח זאָל ווערן דאָס יאָר פון נייע מעכטיקע אויפטוען. דאָס יאָר פון פו-לער יידישער זעלבסטשטענדיקייט.

פ. ר.

## צי וועט די הנחה פון ביליקערן דירה-געלט פאַרלענגערט ווערן?

אזוי ווי עס דערנענטערט זיך דער טערמין, ווען עס ענדיקט זיך די גיל-טיקייט פון דער פאַראָרדנונג וועגן בי-ליקערן דירה-געלט, האָבן די הויז-ווירטן אונטערגענומען אַן אקציע, אַז די פאַר-אָרדנונג וועגן דער הנחה זאָל נישט פאַרלענגערט ווערן.

פאַרשטייט זיך, אז ביי דער היינטי-קער לאַגע וואָלט דאָס טייערער ווערן פון דירה-געלט (ביי וווינונגען חייניקער ווי 5 צימערן) באַדייט א שווערן קלאַפּ פאַר די ברייטע לאָקאַ-טאָרן מאסן.

מצד די לאָקאַטאָרן-פאַריינען ווערט געפּלאַנט צונויפצורופן אין די נאָנטסטע וואָכן מאַסן-מיטינגען פון לאָקאַטאָרן איבערן גאַנצן לאַנד, כדי צו פּראָטעס-טירן קעגן די פּלענער פון די הויז-ווירטן וועגן אָפּשאַפן דעם לאָקאַטאָרן-שוץ און פאַרטייערן דאָס דירה-געלט מיט 10 און 15 פּראָצ.

ווי מען גיט איבער, איז אין יוסטיץ-מיניסטעריום פאָרגעקומען א צווישן-מיניסטעריאַלע קאָנפערענץ וועגן דער פּראַגע פון פאַרלענגערן דעם לאָקאַ-טאָרן-שוץ און די הנחות פון דירה-געלט (פון 10 און 15 פּראָצ.).

קיין ענדגילטיקע באַשלוסן זענען נישט אָנגענומען געוואָרן.

אין דער נאָנטסטער צייט וועט פאָר-קומען א צווייטע קאָנפערענץ מיטן אָנ-טייל פון די פאַרשטייער פון די לאָ-קאַטאָרן-קרייזן און אויך פון די הויז-ווירטן.

———

לויט א לעצטער „פּאַט"-מעלדונג, איז לויט א באַשלוס פון מיניסטעריאַלן עקאָנאָמישן קאָמיטעט, דאָס ביליקע די-רה-געלט פאַרלענגערט געוואָרן אויף 7 חדשים ד.ה. ביזן 31 טן מערץ 1938 און פאַר קליינע וווינונגען פון 1 און 2 צימערן אפילו אויף א לענגערן טער-מין.

ס'איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו באַפולמעכטיקן די געריכטן אָפּצולייגן עקסמיטיעס פון האַנדלס לאָקאַלן אין אויסנאַמס פאַלן.

## די פּראָצעדור ביים טוישן א האַנטווערקער-קאַרטע

לויט די הערשנדע פאַרשריפטן איז א האַנטווערקער - קאַרטע גילטיק נאָר אויף דעם קרייז (פּאָוויאַט), אויף וועלכן זי איז אַרויסגעגעבן געוואָרן. אין פאַל ווען א האַנטווערקער טראָגט איבער זיין וואַרשטאַט אין אַן אַנדער שטאָט, אָדער ענדערט זיין וווין-פּלאַץ, דאַן איז ער פאַרפליכטעט לויטן געזעץ גלייך דערוועגן צו מעלדן דער אינדוסטרי-מאַכט (סטאַראָסטווע אָדער שטאָט-פאַר-וואַלטונג), וועלכע ברויכט אים אַרויס-געבן א נייע קאַרטע.

מיר האַלטן דעריבער פאַר אונזער חוב אויפמערקזאַם צו מאַכן אונזערע לעזער אויף די אויפקלערונגען פון די האַנדלס-מיניסטעריומס, וועלכע לויטעט:

1) א האַנטווערקער, וועלכער באַזיצט א האַנטווערקער-קאַרטע, ביים איבער-טראָגן זיך אין א צווייטן קרייז (פּאָ-וויאַט), באַלייגט ער זיין האַנטווערקער-קאַרטע אין סטאַראָסטווע (אָדער שטאָט-פאַרוואַלטונג), אויפן סמך פון וועלכע מען איז אים מחייב אַרויסצוגעבן א נייע קאַרטע און מען האָט נישט דאָס רעכט צו פאָדערן פון אים, אַז ער זאָל באַווייזן א מייסטער-דיפּלאָם, אָדער באַלייגן נאָכאַמאָל א קוואַליפי-קאַציע-עקזאַמען אויף א „דיספּענזע".

2) די ביטע וועגן טוישן די האַנט-ווערקער-קאַרטע, ווי אויך די קאַרטע גופא זענען פריי פון דעם סטעמפּל-אָפּצאָל, וועלכער באַטרעפט נאָרמאַל 11 זל.

דערפון איז קלאָר, אַז ביים טוישן א האַנטווערקער-קאַרטע אין א צווייטן פּאָ-וויאַט טאָר דערמיט נישט זיין פאַר-בונדן קיין שום שוועריקייטן, ווי אויך קאָסטן.

עס איז דעריבער געוואונטשן, אַז די פאַראינטערעסירטע זאָלן ביים טוישן דאָס וווין-אָרט נישט אָפּציען מיטן מעלדן וועגן דעם אין דער סטאָ-ראָסטווע, כדי אויסצומיידן שטראָפן וועלכע זענען פאָרויסגעזען אין אינ-דוסטרי-געזעץ.

———

# דאָס אָסטראָוצער לעבן

## הרב יעקב האַלשטיק געקומען פון די כנסי' גדולה

דינסטאָג ביינאַכט איז צוריק געקומען פון די כנסי' גדולה אין מארינבאַד הרב האַלשטיק, וועלכער האָט גענומען א טעטיקן אָנטייל אין די כנסי' בעראטונ-גען, ווי אויך אין די בעראָטונגען פון די מועצת גדולה התורה, וואו הרב האַלשטיק האָט שטאַרק פאַרטרעטן דעם „יאָ" שטאנדפונקט, בנוגע דער פאַרגע-שלאָגענער יידישער מלוכה. וואו באַ-וווסט האָבן די יאָ זאָגער אָפּגעהאַלטן א זיג, וואָס די כנסי' האָט א פּאָזיטיווע שטעלונג צו דער פאַרגעשלאָגענער ייד. מלוכה.

(ר.)

———

## דאָס אַרבעטער-הויז ווערט אויפגעשטעלט

(ר) שוין עטליכע יאָר זייט דער הי-גער מאַגיסטראַט האָט אַוועקגעשענקט א פּלאַץ, אויפן בעסטן פּונקט אין אונ-זער שטאָט — אויף די אַלעיא 3-טער מאי צום פּראָפעסיאָנעלן מעטאַל-אַרבע-טער פאַריין.

ווי געזאָגט, איז דער פּלאַץ שוין צו דער דיספּאָזיציע פון דערמאָנטן פאַריין מער ווי 10 יאָר און די גאַנצע צייט, איז דער פּלאַץ פּוסט, אויסער וואָס יעדן 1-טן מאי קומט דאָרט פאָר דער 1-טער מאי מיטינג פון פּ.פּ.ס.

עס איז נאָך א באַווייז פון שוואַכ-קייט און אָרגאַניזיר-פעאיקייט, אויך פון די פּוילישע געזעלשאַפט, וואָס אַזא וויכטיקער פּלאַץ פּוסטעוועט אָן שום נוצן.

לעצטנס באַמערקט מען שוין אָבלייגן בוי-מאַטעריאַלן און עס איז שוין גע-גראָבן געוואָרן דער פונדאַמענט און די נאָנטסטע טעג קומט פאָר די פייער-לעכע גרונטשטיין-לייגונג.

## אָרגאַניזירט אַ בוכהאַלטאָרן-פאַריין

אויף דער איניציאַטיוו פון די ה"ה ביינעלמאַן און ב. שטיין, איז אין אונ-זער שטאָט געשאַפן געוואָרן א בוכהאַל-טאָרן פאַריין אַלס אָפּטיילונג פון אַלג. בוכהאַלטאָרן-פאַריין אין וואַרשע, אין וועלכן עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אַלע יידישע בוכהאַלטאָרן אין אָסטראָוויעץ און אומגעגנט.

אויף די אַלג. פאַרזאַמלונג, וועלכע איז פאָרגעקומען ד. 1.8 און עס איז געווילט געוואָרן א פאַרוואַלטונג אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: פּרעזעס—ה' ל. ביינעלמאַן, וויצע—ה' ב. שטיין, סעקרעט. מיטגלידער די ה"ה: ל. פאַרביאַזש, נ. האַלבערשטאַט און א. פרענקל.

דער סעקרעטאַריאַט איז טעטיק צייט-ווייליק אין די קאָאָפּעראַטיווע באַנק (ילזשעצקאַ 3), יעדן זונטיק און מיט-וואָך פון 7 ביז 9 אָוונט.

א. פרענקל

## דער נומער 2 פון די „אָסטראָווצער צייטונג" ערשיינט ערב יום-כיפור

עס ווערן שוין אָנגענומען גמר חתימה טובה ווונטשן צו מינימאַלע פּרייזן.

# אונזערע אינסטיטוציעס

## לינת הצדק

(י.י.) די געז. לינת הצדק אין אונ-זער שטאָט אַנטוויקלט ווייטער לויט איר טראַדיציע א פרוכטבאַרע טעטיקייט אויפן געביט פון ערטיילן הילף פאַר אָרעמע קראַנקע.

פּרעזעס פון דער געז. איז ה' ד"ר מאַלינגער, וו. פּרעזעס - ה' וו. גרינבערג קאַסירער—י. מיקנברון.

עס ערטיילן אומזיסטע מעדיצינישע הילף די השבע דאָקטוירים: אַבראַמאָ-וויטש, מייער, יעפען, שאַפּעל, פּרוי שי-בער און ה' שיבער.

די ציפערן פון טעטיקייטס באַריכט זאָגן גענוג אויף דער רייכער הילפס ארבייט פון די געזעלשאַפט.

מיר ברענגען דאָ עטלעכע ציפערן פון באַריכט פאַר 9 מאָנאַטן.

אין דער צייט זענען ערטיילט גע-וואָרן: 318 אונטערזוכונגען פון קראַנקע אין אַמבולאַטאָריום. 547 ביי קראַנקע אין דערהיים, 483 איינשפּריצונגען און אָפּעראַציעס, 61 אַנאַליזן און רענטגען באַשטראַלונגען, 670 רעצעפּטן פון די אַפּטייקן, 1007 רפואות פון אַמבולאַ-טאָריום.

לעצטנס האָבן די עפּידעמישע קראַנק-הייטן, ווי: טיפוס, דיזענטעריע, גריפּע א. א. ערשעפּט די אַזוי אויך שוואַכע פינאַנסיעלע מיטלען. אַז די געז. דראָט א סכנה, אויב די יידישע געזעלשאַפט זאָל נישט בייצייטנס ערפילן זייער פליכט פאַר דעם יידישן אָרעמאַן אין דער צייט פון זיין ביטערסטער נויט — ביי א שלאָפקייט.

עס איז וויכטיק צו באַמערקן אַז אין לינת-הצדק קאָנען זיך אויך וועגדן אַזעלכע וואָס ווילן האַלטן אין דיס-קרעציע זייער שווערע פינאַנסיעלע לאַגע.

———

# באַטיצן

שוין עטלעכע יאָר, ווי עס ערשיינט דער אָרגאַן פון „צעקאָבע״ — „פאָלקס־הילף״ וואָס איז דער פ רנ־ער אָרגאַן פון די קאָנסטרוקטיווע הילפס־אַרבעט פון פויל שן יידנטום. פאַרשטענדלעך, דאַרף זיך אַזאַ זשורנאַל געפונען אין יעדער יידישער אינסטיטוציע, קהלה, פאַריין א. דגל. האָט זיך טאַקע די גמילות־חסד קאַסע געוואָנדן צו די אַלע אינסטיטוציעס וועגן אַבאָנירן ד ס „פאָלקס־הילף״ צו אַ ה־חה פ־ייז פון 50 גר. (חודשלעך).

אַזאַ ווענדונג איז געשיקט געוואָרן צום סוחרים־פאַריין, האַנטווערקער־פאַריין, קליינהענדלער־פאַריין, יידישע קהלה. אויף די אַלע ווענדונגען האָט בלויז געענטפערט דער קליינהענדלער פאַריין, אַז.. אַז אין באַשטעטיקטן בודזשעט (אין דאָ אָזעלכערז...) איז נישט פאַרגעזען די 50 גראָשנדיקע אויסגאַבע צוליב וועלכן זיי קאָנען היינטיגעס יאָר דעם פאָלקס הילף נישט אַבאָנירן...

פון די ס חרים, האַנטווערקער און קהלה איז קיין שום ענטפער נישט געקומען, ווילט זיך טאַקע פרעגן, איז ריכטיק אַזאַ באַציונג צו אַ זשורנאַל, וואָס איז דער וועקער צו קאָנסטרוקטיווע עקאָנאָמישע פאָלקס־הילף?

ר.

———

# די בויטוועבדיקייט
## פון אַ געז. „אָרט״ ביי אונז

ס'איז איבעריק ארומצורעדן דעם פראָגראַם און די ברייטע טעטיקייט פון דער געז. „אָרט״ ביי אונז אין לאַנד, יעדער ווייסט, אַז די דאָזיקע אינסטיטוציע איז אַ געזעלשאַפט, וועלכע פירט רייך און סיסטעמאַטיש, אָן געפילדער און אָן פאַרטייאישע פאָמפּעס, אַ טעטיקייט אין די ריכטונג צו דערהאַלטן די יידישע פאַזיציעס און צו שאַפן נייע פרנסה־קוועלן פאַר אונז.

דער „אָרט״ שאַפט נייע צווייגן פון מלאכה און אַנדערע אַרבעט, ער שטיצט די יידישע פאַך־שולן און העלפט שאַפן רעגענצונגס־ פאַך־קורסן אָדער קורצטערמיניקע פאַך־קורסן צו דערמעגליכן דעם קאַנדידאַט צו קענען אויסהאַלטן דעם געוויסן עקזאַמען, וועלכער ווערט דורך די האַנטווערקער קאַמערן מיט יעדן טאָג פאַרשאַרפט און מער באַשווערט.

ווען מיר געבן אַ טראַכט, וואָס ביי אונז אין אָסטראָוויעץ אָדער אין די שכנותדיקע שטעטלעך, הערט זיך וועגן דעם ענין פאַך־שולן, ווערט פשוט פינסטער פאַר די אויגן. נישטאָ קיין איין קה״ה אין אונזער געגנט, וואו די פרנסים זאָלן געבן אַ קוק וועגן דעם.

דער קראָקאָווער שול־קוראַטאָר האָט אין אַ בריוו צום אָסטראָווצער האַנטווערקער פאַריין ריכטיק פאַרנעוואָרפן, אַז די יידישע גמינע האָט געדאַרפט שאַפן אַ יידישע האַנטווערקער שולע, כאָטש מיר זעען נישט מסכים מיט אַזאַ מאָטיוו נישט צו צולאָזן דעם יידישן געזעלן צום הנחה עקזאַמען.

דער יידישער געזעלן אָדער לערן־יינגל איז אַזוי אַרום פאַראורטיילט צו זיצן אייביק ביים ווערקשטעל פון מייסטער, ווייל וועגן קאָנען פאַרזעלבסטשטענדיקן זיך איז נישטאָ קיין האָפנונג אים, ווייל ער האָט נישט אַדורכגעמאַכט קיין דערגענצונגס־שולע, עס איז אָן ספק, אַז דאָס איז אַן אַנזאָג פון אַ פולקאָמען אונטערגאַנג אין די נאָענטסטע צוקונפט פון דער יידישער מלאכה ביי אונז.

דער „אָרט״ האָט דאָס דערזען נאָך אין יאָר 1935 און האָט געשיקט ספּעציעל אין אינזער שטאָט אַ דעלעגאַט צו אָרגאַניזירן ביי אונז אַ אָפּטיילונג, וועלכע זאָל אָנהויבן פירן אַ אַרבעט אין דער ריכטונג. דער „אָרט״ דעלעגאַט האָט צוזאַמענגערופן אַ באַראַטונג אין די קה״ה פון די פרנסים מיט עטלעכע דורך זיי אויסגעוויילטע כלל־טוער וועלכע האָבן אויף זיך גענומען דעם חוב צו פירן אַ טעטיקייט, אָבער מיט דעם האָט עס זיך פאַרענדיקט.

דער גרויסער נעבאָך פון די שעה האָט ענדלעך דערפירט צו דעם, אַז ס'זאָלן קומען מענטשן פון אַזעלכע ריכטונגען, וואו די די נויט איז אַ נאָענטער שכן און קאָנען מ טפילן דיך און געמען די איניציאַטיוו פון שאַפן אַ „אָרט״־אָפּטיילונג ביי אונז, עס איז שוין אָנגעקניפּט געוואָרן אַ קאָנטאַקט מיט דער צענטראַלע און מען באַמיט זיך שוין זאָנאַר וועגן באַקומען אַ קאָנצעסיע אויף אַ דערגענצונגס שולע.

די יידישע געזעלשאַפט וועט רעספּעקטירן וועגן דעם גורל פון דעם באַרירטן ענין, עס מיז קומען הילף פון אַלע שיכטן פון דער געזעלשאַפט, ווייל דאָס איז אַן אינסטיטוציע, וועלכע האָט די אויפגאַבן צו דערהויבן פּראָדוקטיוו דעם ייד אויף אַ העכערע מאַטעריעלע מדרגה, צו דערהאַלטן די דערוואָרבענע פרנסה פּאָזיציעס ביי דער יידישער געזעלשאַפט. צו וועלכן עס מוזן העלפן אָן אונטערשיד פון פּאַרטיי־ אָדער פּאָליטישע אָנגעהעריקייט.

ה. ו.

———

# פון אָזשאַראָווער לעבן
## דעם פויערים צוזאַמענפאָר אין אָזשאַראָוו

זונטיק דעם 29 ט: היינטיקע וואָך איז פאָרגעקומען אַ גרויסער פויערים צוזאַמענפאָר פון פאָלגנדע גמינעס: אָזרמב, לאַסאָצין, טשיזעוו, וואַלגעאין און גרזע — צום צוזאַמענפאָר זענען געקומען דעלעגאַציעס פון יעדן דאָרף מיט פּאַשידענע דאָרפישע טראַכטן.

אינם צוזאַמענפאָר האָט געזאָלט זיך באַטייליקן דער אָפּטער סטאַראָסטאַ, וועלכער איז אָבער נישט געקומען צוליבן שלעכטן וועטער. עס האָט אים פאַרטרעטן דער רעפערענט.

עס איז פאָרגעקומען אַ גרויסער מאַסן מיטינג אין סטרווישער וואַלד, אויף וועלכן דער רעפערענט איז ארויסגעטרעטן מיט אַ רעפעראַט, רופנדיק די פויערים אַריינצוטרעטן מאַסנהייז אין די רייען פון „אָזאָן״.

א. פ.

# אַכטונג אָפּט!

צוליב טעכנישע סיבות האָבן מ ר נישט געקאָנט געבן אין היינטיקן נומער די רובריק

„דאָס אָפּטער לעבן״

פון קומענדיקן נומער אָן וועט זיך געפינען אין יעדן נומער די דערמאָנטע רובריק.

רעדאַגירט דורך ה' אהרן אלגאזי.

„Straż Nocna"

Zakładów czuwania i ochrony

גלייך ווי אין אַלע גרעסערע שטעט, האָט זיך אין אונזער שטאָט געעפנט אַן אָפּטיילונג פון די אַנשטאַלטן צו פאַרהיטן דאָס באַוועגלעכע פאַרמעגנס פון די סקלאַדעס, געוועלבער, מאַגאַזינען א. ד. גל.

די היגע אָפּטיילונג געפונט זיך אויף יוזשעצקאַ 31.

יעדער בירגער דאַרף אין זיין אייגענעם אינטערעס איבערגעבן זיין אונטערנעמונג צו פאַרזיכערונג אין

„STRAŻ NOCNA"

# אורטייל אין העכסטן געריכט
## וועגן קינדיקונגס־טערמין פאַר אַרבעטער נאָך 10 יאָר אַרבעט

דאָס העכסטע געריכט האָט פאַרעפנטלעכט אַ נייע טעזע וועגן דער פילמאַליקער באַרירטער פראַגע וועגן דער הוך פון אָנטשעדיקונג פון אַן אַרבעטער, וואָס איז געקינדיקט געוואָרן נאָך 10 יאָר אַרבעט.

דער פאַרפליכטיקונגס קאָדעקס האָט איינגעפירט דעם פּרינציפּ, אַז אין אַזעלכע פאַלן פאַרפליכטעט אַ 6־חדשימדיקע קינדיקונג. די געריכטס פּראַקטיק האָט אָבער באַוויזן, אַז דער דערמאָנטער פאַרשריפט באַווייזט נישט די באַזונדערע געזעצן וועגן דער אַרבעט פון גייסטיקע און פיזישע אַרבעטער, וועלכע עס ווערט פאָרויסגעזען אַ קורצערער קינדיקונגס־טערמין.

צום 7־טן מאָל איז דער דאָזיקער ענין באַטראַכט געוואָרן אין העכסטן געריכט. דאָס מאָל האָט די ציוויל־קאַמער באַטראַכט די קאַסאַציע, וואָס איז אַריינגעטראָגן געוואָרן דורך די באַאַמטעטע פון אַרבעטער, וואָס האָבן נאָך 12 יאָר אַרבעט באַקומען אַ 14־טאָגיקע קינדיקונג.

דאָס געריכט האָט אָפּגעוואָרפן די אָנקלאָגע, אַז מען זאָל די אַרבעטער צופּסקענען אַ 6־חדשימדיקע קינדיקונג, אָנערקענענדיק, אַז די פאַראָרדנונג פון מלוכה־פּרעזידענט וועגן אַרבעטס־אָפּמאַך מיט אַרבעטער איז נישט באַזייטיקט געוואָרן דורך דעם פאַרפליכטיקונגס־קאָדעקס.

# אין די מוצאי שבתים פאַר די ימים־טובים וועלן די געשעפטן זיין אָפן ביז 10 אָוונט

דער צענטראַלער קליינהענדלער־פאַרבאַנד אין וואַרשע האָט זיך געוואָנדן צו דער מאַכט מיט דער ביטע צו דערלויבן האַנדלען די יידישע קרעמער עטלעכע שעה אין זונטאָגן, אין וועלכע עס פאַלן אויס די ערב ימים טובים אין ענטפער איז מיטגעטיילט געוואָרן, אַז עס קאָן נישט דערלויבט ווערן צו האַנדלען אין זונטאָג, דאַקעגן וועלן פאַרלענגערט ווערן די האַנדלס־שעהן אין די פאַר יום־טובדיקע מוצאי־שבתים ביז 10 ביינאַכט, אַזוי, אַז די יידישע באַפעלקערונג וועט זיך קאָנען איינקויפן די נויטיקע פּראָדוקטן.

# אַכטונג!



גוט, רעיעל, ביליק

אַלערליי

פוטערוואַרג

פאַר דאַמען

און מענער

צו באַקומען נאָר אין געשעפט ביי

## משה כ״ץ

## ריבעק 27,

אין נייעם הויז פון ה' עקיבא שערמאַן.

די רעדאַקציע איז אָפן טעגלעך פון 4 ביז 6 אָוונט צייטווייליק אין לאָקאַל פון געז. לינת הצדק שעניענסקאַ 50.

# אַ כתיבה וחתימה טובה

ווינטשן מיר אונזער פּ.ט. ליע און פריינט

שרה'טשע זילבערבערג,
יצחק דייטעלבוים.

# אַ כתיבה וחתימה טובה

ווונטש איך מיין פאַמיליע ווי אויך אַלע חבֿרים און פריינט

אָסטראָוויעץ. יוסף ראַפּאָפּאָרט.

# אַ לשנה טובה

ווינטשן דעם פריינט אהרן פרידנטאַל און זיין פאַמיליע, ווי אויך די גאַנצע רעוויזיאָניסטישע משפחה פון אָסטראָווצע

אָסטראָוויעץ שמואל זיסמאַן.

לידידי הנכבד
יעקב נ״י דיכטוואַלד
בן הרב אב״ק סלוניא
הנני מברך ברכת מז״ט טוב המה ונלבבה לנשואיו.
אלישע פיק.

די עלטערן, משפחה, פריינט און באַקאַנטע ווינטשט אַ כתיבה וחתימה טובה

מענדל און יהודית ראָזענבערג.

## לייענט און פאַרשפּרייט

די

## „אָסטראָווצער צייטונג״

Red. odp. M. Rozenberg

לייטער פון דער אַדמיניסטראַציע: ל. ראָטשטיין.

Druk. M. Rozensztajna Piotrków Pl. Tryb. 4.